אללען גזירות רעות, פאָר ליידען אונד צרות, פאָר דען הענדען דער אונגליק אונד פאָר אנחות. בעהיטע אויך איך, איינען מאַן אונד איינע קינדער פאָר איינער מיתה משונה, פאָר אללען אינזי עין הרע אונד פאָר דעם יצר הרע. דוא זאָללסט אונזרער דענקען אונד אונז אנטרייבען צו גוטען יאַהרען אונד צו אַנגענעם לעבען. דען צו דיינער הילפע האָפפע איך אונד אללעז, וואַז דאַ לעבט אויף דער גאַנצען וועלט. ערהאָרע אונזערע תפלות צו יעדער צייט, גלייכוויא דוא ערהאָרט האַסט דיא תפלה פאָן משה אונד יהודה, פער־שמאָהע דיאזעלבען ניכט אונד לאַס אונז ניכט לעער אויזגעהען; דען דוא ביזט גאָטט, דער דאַ ערהאָרט אללע געבעטע דערער, דיא דיך אנרופען מיט גאַנצעם הערצען — אמן וכן יהי רצון.

יז. דיעזע תפלה זאָלל מאַן אללע טאַגע בכוונה זאַגען נאַך דעם געוואָהנליכען ביטטען.

יהי רצון מלפניך. עז זאָלל זיין דער וויללע פאָר דיר גאָטט! מיין גאָטט! אונד גאָטט מיינער עלטערן! דאַס דוא מיך יעדע צייט דען רעכטען וועג פיהרען, אונד מיך בעהיטען זאָללסט פאָר דען פיער כתות, וועלכע ניכט זוכה זינד דיא היילינע שכינה צו זעהען: דיא ערזטע כתה בעשטעהט אויז דענען, וועלכע חנופה אויזאיבען, דיא צווייטע אויז דענען, וועלכע שקרים זאַגען, דיא דריטטע אויז דענען, וועלכע לצנות אויזאיבען אונד נבול פה רעדען, דיא פיערטע אויז דענען, וועלכע רכילות אונד לשון הרע רעדען! אונד בעהיטע אונז אויך פאָר אללערלייא ליידען אונד בעזען בעגעגנונגען, פאָר חרב ורעב, פאָר וואַססער אונד פייער, אונד פאָר גלוקים; עז זייא אין דער שטאַדט אָדער אויף דעם פעלד, בעהיטע אונז פערנער פאָר צער, איבערהויפט פאָר יעדעם בעזען, וואָפיר זיך אונזער הערץ פירכטעט, אונד גיב אונז אונזרע פרנסה בכבוד אָהנע זאָרגען, וויא אויך אריכות ימים ושנים; דאַס וויר אונזרע יאַהרע אונד טאַגע אויזלעבען אונד אונזערע צייט אין עהרע אונד פריידען צוברינגען זאָללען. שיקקע אונז קיינע זאָרגען, קיינע אַנגזט אונד קיינע קראַנקונגען צו, וועדער מיר, נאָך מיינעם מאַן אָדער מיינען קינדערן אונד אַנפערוואַנדטען, אונד לאַס איך זוכה זיין, מיינע קינדער צו ערציעהען לתורה לחופה ולמעשים טובים, אונד לאַס איך פיעל פריידען אַן דען איינינען ערלעבען. אך רחמים! בארמהערצינער פאַטער! שיקקע אונז הילפע אונד טראָזט, גיב אונז פרנסה, אונד מאַכע, דאַס וויר געשפייזט ווערדען פאָן דיינער מילדען טרייען האַנד אונד ניכט פאָן דער גוטהאָטיגען האַנד איינעז מענשען, דאַס זיך אונזרע פיינדע ניכט איבער אונז פרייען אונד נקמות אַן אונז ערלעבען זאָללען; אונד לאַס ניכט איבער אונז הערשען דען יצר הרע, דאַמיט וויר זאָללען פאָר דיר בעשטעהען קאָננען צו בעפאָלגען דיא תורה אונד מצות; וויא וואָהל איך שאָן פיעלע עבירות געטהאַן האַבע. — וועהע מיר! איך בין מתודה אונד בעקעננע איינע גראָססע חטאים, עונות ופשעים, דיא איך בעגאַנגען האַבע געגען דיינען היילינען נאַמען אללע טאַגע מיינעז לעבענז. — אך שדי! אך רחמים! איך בין פאָללער זינדען אונד דוא ביזט פאָללער גנאַדע אונד בארמהערצינקייט; דעסוועגען ביטטע איך דיך, ליעבער גאָטט! דאַס דוא מיר מוחל זיין זאָללסט אללע מיינע זינדען, אונד גיב, דאַס איך פערשטאַנד האַבע, נאָך מתודה צו זיין פאָר מיינעם טאָד. אונד זייא אונז אימער דן

לכן זכות, דאַמיט וויר פֿאַר דיר זאָללען בעשטעהען קענגען, ווען וויר פֿאָן דיעזער וועלט שיידען, אום צו קאָממען פֿאַר דען דין הגדול והנורא; אונד ערלייזע אונז איבער חסד ורחמים וועגען דעז זכות אונזערער עלטערן.

## יח. דיעזע תחנה זאָגע מאַן יעדען טאַג.

אנא אלהי אברהם! איך ביטטע דיך, גאָטט אברהם'ז! פֿערגיב מיין גע־בעט, זאָוואָהל דאַז, וואַז איך פֿאַר דיר טאָן געבעטעט האַבע, אַלז דאַז, וואַז איך נאָך פֿאַר דיר בעטען ווערדע. ערהאָרע מיך, וויא דוא ערהאָרט האַזט דיא תפלה פֿאָן כל ישראל צור צייט, ווען זיא אין צרות געוועזען זינד. דוא האַזט איהנען צו יעדער צייט, ווען זיא זיך אין איינער צרה בעפֿונדען האַבען, געהאָלפֿען; זאָ הילף מיר אויך, אונד ערהאָרע מיך, ווען איך דיך אַנרופֿע אין מיינען נאָטהען. זיעהע אויף מיינען צער, אונד לאַס מיינע תפלה דיר זאָ אַנגענעהם זיין, אַלז ווען איך האָטטע איין קרבן פֿאַר דיר געבראַכט; אונד שיקקע אונז באַלד אונזערן גואל צדק — אמן סלה.

## יט. דיעזע תפלה זאָלל יעדע פֿרויא מתפלל זיין, אום צו האַבען בנים זכרים צדיקים אונד תלמידי חכמים.

רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם זַכֵּנִי לְהוֹלִיד בָּנִים זְכָרִים.

העררע דער גאַנצען וועלט! לאַס מיך זוכה זיין צו האַבען בנים זכרים.

לִלְמוֹד תּוֹרָתְךָ הַקְּדוֹשָׁה לִשְׁמָהּ בְּרִיאִים בְּגוּפָם וּבְשִׂכְלָם.

דיא דאַ לערנען זאָללען דיינע תורה, דיינעז הייליגען נאַמענז וועגען, אונד זאָללען געזונד זיין אַם גוף אונד הייטער אַם שכל.

בַּעֲלֵי מִדּוֹת טוֹבוֹת בַּיְשָׁנִים רַחֲמָנִים גּוֹמְלֵי חֲסָדִים:

זיא זאָללען אַן זיך לויטער גוטע מדות האַבען אונד מעשים טובים אויז־איבען; בעזאָנדערז זאָללען זיא דיא דרייא גוטען אייגענשאַפֿטען (מדות) ליערען, וועלכע דיא ליערדע פֿאָן ישראל אויזמאַכען, זיא זאָללען שאַמהאַפֿט, באַרמהערציג, אונד וואָהלטהעטיג געגען יעדען מענשען זיין.

וְצַדִּיקִים וְיִרְאֵי אֱלֹהִים כְּאַבְרָהָם וּמְקַדְּשֵׁי שִׁמְךָ כְּיִצְחָק:

זיא זאָללען פֿראָם אונד גאָטטעזפֿירכטיג זיין, וויא עז אברהם אבינו עליו השלום וואַר, אונד דיין נאַמע זאָלל דורך זיא געהייליגט ווערדען, וויא ער איזט געהייליגט וואָרדען דורך יצחק עליו השלום.

וּתְמִימִים יוֹשְׁבֵי אֹהָלִים כְּיַעֲקֹב וּמַאֲמִינִים בְּלֵב שָׁלֵם:

זיא זאָללען פֿלייסיג אים בית המדרש זיין אום תורה צו לערנען, וויא יעקב אבינו עליו השלום; אונד זיא זאָללען זיא גלויבען מיט איהרעם גאַנ־צען הערצען.

בְּכָל תּוֹרַת מֹשֶׁה רַבֵּנוּ עָלָיו הַשָּׁלוֹם וּבִנְבִיאִים הַקְּדוֹשִׁים.

זיא זאָללען גלויבען דיא גאַנצע תורה פֿאָן משה רבינו עליו השלום, אונד אַללעז, וואַז דיא הייליגע תורה אונד דיא הייליגען נביאים געזאַגט האַבען.

וְחַכְמֵי הָאֱמֶת וְתוֹרָה שֶׁבְּעַל פֶּה.

אונד אַללעז, וואַז אונזרע חכמי האמת זכרונם לברכה געזאַגט האַבען, דאַז איזט דיא תורה שבעל פה, וועלכע דיא תנאים אונד אמוראים געמאַכט האַבען.

וְכָל מִצְוֹת הָרַבָּנָן יְקַיְּמוּ בֶּאֱמוּנָתָם מִי יִתֵּן וְהָיָה לְבָבָם.

אויך אַללע מצות דרבנן, וועלכע אונזערע חכמים האַבען מתקן געוועזען, זאָללען זיא האַלטען אונד בעפאָלגען; איבערהויפט זאָלל איהר הערץ פיעל קראַפט האַבען צו דיינעם הייליגען דיענזט, אום צו בעאָבאַכטען, וואַז אין דיינער הייליגען תורה געשריעבען שטעהט.

כְּמוֹ שֶׁהָיָה לְבַב יִשְׂרָאֵל בְּשָׁעָה שֶׁעָמְדוּ עַל הַר סִינַי וְעָנוּ וְאָמְרוּ:

וויא דאַז הערץ פאָן כל ישראל וואַר, צור צייט, אַלז זיא געשטאַנדען זינד ביי'ם בערג סיני, אום דיא תורה מקבל צו זיין; דאַמאַלז זאַגטען זיא מיט גאַנצעם הערצען:

כֹּל אֲשֶׁר דִּבֶּר יְיָ נַעֲשֶׂה וְנִשְׁמָע. וְלֹא יִבְעֲטוּ בָנַי.

אַללעז, וואַז גאָטט דער אַללמעכטיגע געזאַגט האַט, וואָללען וויר טהון אונד בעפאָלגען. — אויך זאָללען מיינע קינדער ניכט ווידערשפענזטיג זיין

בְּקוֹל הוֹרִים וּמוֹרִים אֶלָּא מְכַבְּדִים וִירֵאִים אוֹתָם.

געגען איהרע עלטערן אונד לעהרער; זאָנדערן זיא זאָללען דיאזעלבען אין גראָססען כבוד האַלטען, אונד עהרפורכט פאָר איהנען האַבען.

וְיִהְיוּ לָהֶם אָזְנַיִם שׁוֹמְעוֹת תּוֹכַחַת חַיִּים וּבְקֶרֶב חֲכָמִים יָלִינוּ.

אונד מיינער קינדער הערץ אונד אָהרען זאָללען איממער גענייגט זיין אויפצונעהמען דיא צורעכטווייזונג איהרער לעהרער. אונד מיט תלמידי חכמים אונד לומדים זאָללען זיא אומגאַנג האַבען; דאַמיט זיא יעדע צייט איהרע מעשים טובים לערנען זאָללען.

וִיהִי לָהֶם לֵב רָחָב וְשֵׂכֶל טוֹב זְכִירָה טוֹבָה וְקַיֶּמֶת.

זיא זאָללען פערנער האַבען איין הערץ פאָלל פערלאַנגען צום ערלערנען דער תורה, אונד איינען גוטען ריינען שכל צו פערשטעהען דיינע ליעבע תורה אונד מצות, אונד איינען גוטען זכרון, דאַמיט זיא אַללעז דענקען זאָללען.

לִשְׁמוֹר הַחָכְמָה לַעֲבוֹדָתֶךָ, וּבְרִיאִים בְּכָל אֲבָרֵיהֶם כְּדֵי לְהִשְׁתַּמֵּשׁ בָּהֶם לַעֲבוֹדָתֶךָ:

זיא זאָללען בענוטצען איהרען פערשטאַנד אונד איהרע חכמה צו דיינעם הייליגען דיענזט, אונד זאָללען אַללע צייט דענקען אַן דיינע הייליגע תורה, אונד זיא זאָללען איממער געזונד אונד פריש זיין; דאַמיט זיא פערריכטען קאָננען דיינען הייליגען דיענזט.

בְּלֵב שָׁלֵם בְּאַהֲבָה וְחֵשֶׁק וְרָצוֹן בְּתוֹרַת יְיָ.

מיט איהרעם גאַנצען הערצען; מיט ליעבע, לוזט אונד ווילען זאָללען זיא אויזאיבען דיינע הייליגע תורה.

וּבָהּ יֶהְגּוּ יוֹמָם וָלַיְלָה וְלֹא יֵצֵא עֲלֵיהֶם שֵׁם רַע לְעוֹלָם.

אונד אין דיינער תורה זאָללען זיא לערנען טאַג אונד נאַכט, אונד עז

זאָלל ניכט אויך זיא אויזקאָממען אויז איהרעם לעבען איין טאג רע אָדער איין בעזעז קול חס ושלום;

רַק יִהְיוּ אֲהוּבִים לְמַעְלָה וְנֶחֱמָדִים לְמַטָּה וְכָל רוֹאֵיהֶם יַכִּירוּם כִּי הֵם זֶרַע בֵּרַךְ יְיָ, וְיֹאמַר עֲלֵיהֶם: בָּרוּךְ שֶׁזֶּה יָלַד, בָּרוּךְ שֶׁזֶּה גִּדֵּל.

זאָנדערן זיא זאָללען געלאָבט אונד געליעבט זיין, פֿאָן דיר גאָטט! אים הימעל אונד פֿאָן דען מענשען אויף ערדען; דאַמיט אַללע, דיא מיינע קינדער זעהען ווערדען, גלייך ערקעננען זאָללען, דאַס זיא פֿאָן גאָטט געזעגנעט זינד, אונד זאָללען אויך זיא זאַגען: געזעגנעט זינד דיא עלטערן, דיא זיא געבאָרען, געזעגנעט זינד דיא עלטערן, דיא זיא ערצאָגען האַבען.

וְיִהְיוּ בָנַי כְּעֵץ שָׁתוּל עַל פַּלְגֵי מַיִם אֲשֶׁר פִּרְיוֹ יִתֵּן בְּעִתּוֹ.

אונד מיינע קינדער זאָללען זיין וויא איין בוים, דער געפּפֿלאַנצט איזט אַן איינעם באַך, וועלכער פֿריכטע גיבט אין זיינער צייט.

וְעָלֵהוּ לֹא יִבּוֹל וְכֹל אֲשֶׁר יַעֲשֶׂה יַצְלִיחַ.

אונד דעססען בלעטטער ניכט זאָ פֿריה וועלקען, אונד אין אַללען איהרען עסקים אונד מעשים זאָללען זיא גליקליך זיין.

וְיִהְיוּ בָנַי כִּשְׁתִלֵי זֵתִים סָבִיב לְשֻׁלְחָנִי.

אונד מיינע קינדער זאָללען אַללע זייט אום מיינען טיש געפּפֿלאַנצט זיין, וויא יונגע צווייגע איינעס אֶלבוימס.

וְתַאֲרִיךְ נָא בְּרַחֲמֶיךָ הָרַבִּים שְׁנוֹתַי וּשְׁנוֹת בַּעֲלִי וּשְׁנוֹת בָּנַי.

אַללמעכטיגער גאָטט! פֿערלענגערע מיט דיינער גראָססען גנאַדע אונד באַרמהערציגקייט מיינע יאַהרע אונד דיא יאַהרע מיינעס מאַננעס אונד מיינער קינדער.

וּתְזַכֶּה אוֹתָנוּ שֶׁיִּוָּלֵד עַל בִּרְכֵּנוּ דּוֹר רְבִיעִי. וְקַיֵּם בְּזַרְעֵנוּ

אונד דוא זאָללזט אונז לאַססען זוכה זיין, דאַס אויף אונזערען שאָס זאָללען געבאָרען אונד ערצאָגען ווערדען פֿיער דורות; אונד עס זאָלל בעשטעטיגט ווערדען אַן מיינען קינדערן,

בִּרְכַּת אַבְרָהָם אָבִינוּ עָלָיו הַשָּׁלוֹם: כֹּה יִהְיֶה זַרְעֶךָ.

דיא ברכה פֿאָן אברהם אבינו עליו השלום, דאַס דוא איהן געזעגנעט האַסט, דאַס זיין זאַאַמען זיך מעהרען אונד זאָ פֿיעל זיין זאָלל, וויא דיא שטערנע אַם הימעל.

וְנִזְכֶּה לְגַדְּלֵם בְּאֶרֶץ הַקְּדוֹשָׁה בִּקְדֻשָּׁה וּבְטָהֳרָה.

אונד וויר זאָללען זוכה זיין, אונזרע קינדער צו ערציעהען אין ארץ ישראל דעם היילינגען לאַנד, מיט היילינקייט אונד ריינהייט.

וּכְיִצְחָק יִקָּרֵא לָהֶם זֶרַע קֹדֶשׁ מַטָּע לְהִתְפָּאֵר, וּבְבִרְכַּת יַעֲקֹב יִירְשׁוּ נַחֲלָתָם בְּלִי מְצָרִים, וְיִהְיוּ מְעֻטָּרִים בְּכֶתֶר תּוֹרָה.

אונד אונזרע קינדער זאָללען גענאַננט ווערדען איין היילינגער זאַמען

גלייכוויא אונזער פֿאַטער יצחק עז געוועזען איזט, אונד דיא פּפֿלאַנצען מיינעז נאַמענז זאָללען בייא יעדעם לאָב אונד רוהם פֿינדען; זיא זאָללען אויך געזעגנעט זיין מיט דער ברכה, וואָמיט יעקב אבינו עליו השלום געזעגנעט וואָרדען איזט, מיט איינעם ערבטהייל אָהנע גרענצען, אונד זיא זאָללען געציערט זיין מיט דער קראָנע דער תורה.

לִזְכּוּת הָרַבִּים לְשֵׁם שָׁמַיִם וְלֹא בְּגַאֲוָה, וְיִהְיוּ מְבוֹרָכִים בַּעֲשִׁירוּת.

דאַס זיא זאָללען זוכה זיין, ווירדיג צו ווערדען, אום מזכה רבים צו זיין מיט דער תורה, דיינעז הייליגען נאַמענז וועגען, אַבער ניכט אויז גאווה; אויך זאָללען זיא וואָהלהאַבענד זיין.

שֶׁלֹּא יִצְטָרְכוּ לְהַלְוָאַת בָּשָׂר וָדָם וְלֹא לִידֵי מַתְּנַת בָּשָׂר וָדָם.

דאַמיט זיא ניכט בעדירפֿען איינער אַנלייהע אָדער איינעז געשענקעז פֿאָן איינעם מענשען.

וְיִהְיוּ כֹּהֲנִים מְשָׁרְתֵי יְיָ כְּמוֹ בְּנֵי דָוִד בַּחַיִּים הָיוּ וּכְמוֹ שֶׁכָּתוּב:

זיא זאָללען אויך אין דער גאָטטעזפֿורכט זאָ צונעהמען, דאַס מאַן זאַגע, עז געביהרט איהנען דיא כהונה; זיא זאָללען נעמליך דיענער גאָטטעז זיין, וויא עז וואַרען דיא קינדער פֿאָן דוד המלך, אונד וויא איין פסוק געשריעבען שטעהט:

וְאַתֶּם כֹּהֲנֵי יְיָ תִּקָּרֵאוּ, וְיִהְיֶה כֶּתֶר שֵׁם טוֹב עוֹלָה עַל גַּבֵּיהֶן.

איהר זאָללט גענאַננט ווערדען: כהנים, דיענער גאָטטעז — אונד זיא זאָללען דען גראָססטען שמוק האַבען נעמליך איינען שם טוב, דער מעהר ווערטה איזט, אַלז אַללע קראָנען, אונד איהר שם טוב זאָלל וויט אונד בּרייט געהאָרט ווערדען.

וְלֹא יִשְׁלוֹט בָּהֶם יֵצֶר הָרַע וְלֹא עַיִן הָרַע כְּמוֹ יוֹסֵף הַצַּדִּיק עָלָיו הַשָּׁלוֹם.

עז זאָלל וועדער יצר הרע, נאָך עין הרע איבער זיא הערשען, וויא קיינעז פֿאָן ביידען, געהערשט האַט איבער יוסף הצדיק עליו השלום.

כְּמוֹ שֶׁכָּתוּב בְּתוֹרָתְךָ הַקְּדוֹשָׁה שֶׁבֵּרַךְ יַעֲקֹב לְבָנָיו שֶׁל יוֹסֵף:

וויא עז געשריעבען איזט אין דיינער הייליגען תורה, דאַ יעקב אבינו עליו השלום געזעגנעט האַט דיא קינדער פֿאָן יוסף הצדיק, דאַס זיא זיך מעהרען זאָללען, וויא דיא פֿישע אים וואַססער — ער האַט אויך צו איהנען געזאַגט:

הַמַּלְאָךְ הַגּוֹאֵל אוֹתִי מִכָּל רָע יְבָרֵךְ אֶת הַנְּעָרִים וְיִקָּרֵא בָהֶם שְׁמִי וְשֵׁם אֲבוֹתַי אַבְרָהָם וְיִצְחָק וְיִדְגּוּ לָרֹב בְּקֶרֶב הָאָרֶץ.

דער מלאך, דער מיך ערלעזט האַט פֿאָן אַללעם בעזען, זאָלל אויך בעהיטען דיא יונגען, אונד זאָלל זיא בעהיטען פֿאָר אַללעם בעזען, אונד זיא זאָללען נאָך מיינעם נאַמען אונד דעם נאַמען מיינער עלטערן אברהם אונד יצחק גענאַננט ווערדען, אונד דער זאָלל איהנען בייאשטעהען.

וְתַצִּילֵם מִכָּל חֳלָיִים וּנְגָעִים רָעִים הַמִּתְרַגְּשׁוֹת לָבוֹא לָעוֹלָם.

אונד דוא זאָללסט זיא בעהיטען פֿאָר אַללען קראַנקונגען, פֿאָר אַללען בעזען פּלאַגען אונד פֿאָר אַללען בעזען בעגעגניסען.

וּבֵרַךְ אֶת לַחְמָם וְאֶת מֵימָם וְקַיֵּם בָּנוּ מִקְרָא שֶׁכָּתוּב:

אונד דוא זאָללסט זעגנען איהרע שפייזע אונד טראַנק מיט אַללען זעג-
נונגען, אונד זאָללסט בעשטעטיגען אַן איינען קינדערן דען פסוק:

אֲשֶׁר בָּנֵינוּ כִּנְטִיעִים מְגֻדָּלִים בִּנְעוּרֵיהֶם בְּנוֹתֵינוּ כְזָוִיּוֹת מְחֻטָּבוֹת
תַּבְנִית הֵיכָל.

אונזערע זאָהנע ווערדען זיין גלייך פפלאַנצען, וועלכע אויפשפראָסען אין
איהרער יוגענדקראַפט, אונד אונזרע טאָכטער וויא דיא ווינקעלפערציערונגען
אין שטיינערנען פאַלאֶסטען.

אָנָּא יְיָ אֱלֹהֵינוּ זַכֵּנוּ לְקַיֵּם מַה שֶּׁצִּוִּיתָנוּ בְּתוֹרָתְךָ הַקְּדוֹשָׁה:

איך ביטטע דיך גאָטט! מיין גאָטט! לאַס מיך זוכה זיין צו האַלטען,
וויא דוא אונז געבאָטען האַסט אין דיינער הייליגען תורה:

וְלִמַּדְתֶּם אֶת בְּנֵיכֶם לְדַבֵּר בָּם וִיקַיֵּם בִּי מִקְרָא שֶׁכָּתוּב:

אונד איהר זאָללט לעהרען איירע קינדער איינע תורה אונד מצות; דאַ-
מיט זיא וויסען זאָללען צו האַלטען איינע געבאָטע. — אונד אַן מיר ווערדע
בעשטעטיגט דער פסוק:

וּדְבָרַי אֲשֶׁר שַׂמְתִּי בְּפִיךָ לֹא יָמוּשׁוּ מִפִּיךָ וּמִפִּי זַרְעֲךָ וּמִפִּי זֶרַע
זַרְעֲךָ אָמַר יְיָ מֵעַתָּה וְעַד עוֹלָם.

אונד מיינע רעדע, דיא תורה, דיא איך געלעגט האַבע אין דיינען מונד,
זאָלל ניכט אַבקאָממען, וועדער פאָן דיינעם מונד, נאָך פאָן דעם מונדע
דיינער קינדער (זאָ האַט גאָטט געזאַגט) פאָן יעטצט ביז עוויג.

וְיִהְיוּ בָנַי מוֹרֵי הוֹרָאוֹת כְּשֵׁרוֹת בְּיִשְׂרָאֵל לְשֵׁם שָׁמָיִם.

אונד מיינע קינדער זאָללען זיין מורי הוראות, דאַס הייסט, זיא זאָללען
אונטער ישראל פאָן גאָטטעס וועגען אין איסור והיתר פסקים געבען.

וְלֹא יִכָּשְׁלוּ בְּהוֹרָאָתָם וְלֹא יַטּוּ יָמִין וּשְׂמֹאל מִדֶּרֶךְ הַיָּשָׁר.

אונד זיא זאָללען ניכט פעהלען אונד שטרויכלען אין איהרער הוראה,
אונד זאָללען אַללע טאַגע איהרעס לעבענס בלייבען אויף דעם רעכטען וועג,
ניכט אַבצווייכען רעכטס אָדער לינקס פאָן דיינען הייליגען מצות אונד פאָם
רעכטען וועגע איבערהויפט.

מִכָּל דְּבַר שֶׁקֶר יַרְחִיקוּ וְלֹא יִמָּצֵא בָם טוּם.

פאָן ליגען אונד זאָנסט אַנדערן פאַלשהייטען זאָללען זיא זיך ענט-
פערנען; עז זאָלל אַן איהנען ניכט געפונדען ווערדען אירגענד איין מום.

וְלֹא מִדָּה רָעָה מִקְּטַנִּים וְעַד גְּדוֹלִים וְיִהְיוּ בָנַי מֵאוֹתָם שֶׁכָּתוּב בָּהֶם:

אונד קיינע מדה רעה חס ושלום פאָן דער גראָסטען ביז צור קליינסטען,
אונד מיינע קינדער זאָללען זיין דיאיעניגען, פאָן דענען איין פסוק שטעהט:

מִי יָגוּר בְּאָהֳלֶךָ מִי יִשְׁכֹּן בְּהַר קָדְשֶׁךָ.

ווער איזט ווירדיג צו וואָהנען אין דיינעם צעלטע? (דאַז הייסט אין

אַכטן), אונד ווער איזט ווירדיג צו רוהען אויף דעם הייליגען בערגע פאָן דיינעם בית המקדש?

**הוֹלֵךְ תָּמִים וּפוֹעֵל צֶדֶק וְדוֹבֵר אֱמֶת בִּלְבָבוֹ לֹא רָגַל עַל לְשֹׁנוֹ.**

דער אויפריכטיג מיט גאָטט איזט, לויטער גערעכטיגקייט אויסאיבט, אונד רעדעט מיט וואַהרהייט פאָן הערצען; דאַז הייסט, ער רעדעט אויפ־ריכטיג אונד מיינטע עז מיט דעם הערצען ניכט פאַלש, ער בריינגט קיין רכילות אַן אונד רעדעט קיין לשון הרע.

**לֹא עָשָׂה לְרֵעֵהוּ רָעָה וְחֶרְפָּה לֹא נָשָׂא עַל קְרוֹבוֹ.**

ער טהוט זיינעם חבר קיין בעזעז אונד קיינע חרפה אַן, אונד לעסטערט ניכט זיינען קרוב, דאַז הייסט, ווען ער זיעהט, דאַס זיין פריינד וואַז אונרעכטעז טהוט, ערמאַהנט ער איהן, זאָ דאַס מאַן נאַכהער איהם ניכטז בעזעז נאַכזאַגען קאַן; דאַמיט, ווען ער איינען אַנדערן איבער איין אונרעכט צור רעדע שטעללט, מאַן ניכט זאַגען קעננע: וואַרום האַט דוא דיינען קרוב ניכט צור רעדע געשטעללט? זאָ איינע חרפה קאַן מאַן איהם ניכט אַנטהון, וייל ער בחמת זיינען קרוב זאָ ערמאַהנט האַט. — דער־זעלבע, דער דיעז טהוט, איזט ראוי צו וואָהנען אין גאָטטעז צעלט, זאָ אויך זאָללען מיינע קינדער זיין, דוא ליעבער אַללמעכטיגער גאָטט!

**יְהִי רָצוֹן מִלְּפָנֶיךָ יְיָ אֱלֹהַי וֵאלֹהֵי אֲבוֹתַי שֶׁאוֹלִיד בָּנִים וּבָנוֹת וְלֹא יָמוּת אֶחָד מִבָּנַי בְּחַיָּי,**

עז זאָלל זיין דער ווילּע פאָר דיר גאָטט! מיין גאָטט! אונד גאָטט מיי־נער עלטערן! דאַס איך געבאָרען מעגע זעהנע אונד טעכטער, אונד עז זאָלל קיינעז שטערבען בייא מיינעם לעבען.

**וְלֹא בְּחַיֵּי בַּעֲלִי וְלֹא יָמוּת אַחַת מִבְּנוֹתַי בְּחַיֵּינוּ.**

אויך ניכט בייא מיינעז מאַננעז לעבען, אויך זאָלל קיינע פאָן אונזערן טעכטערן שטערבען וועדער בייא מיינעם לעבען, נאָך בייא מיינעז מאַנ־נעז לעבען.

**וְאֶקַּח נָשִׁים לְבָנַי וְלֹא יָמוּתוּ נְשֵׁיהֶם מִקּוֹצֶר שָׁנִים.**

אונד איך זאָלל ווייבער בעקאָממען פיר מיינע זעהנע. אונד איהרע וויי־בער זאָללען ניכט שטערבען נאַך קורצען יאַהרען חלילה.

**וְאֶזְכֶּה לְהַשִּׂיא בְנוֹתַי לַאֲנָשִׁים הֲגוּנִים צַדִּיקִים וְתַלְמִידֵי חֲכָמִים.**

אונד ויר זאָללען אויך זוכה זיין, צו געבען אונזערן טעכטערן מאַננער, דיא דאַ זיין זאָללען גוטע אונד עהרליכע לייטע, צדיקים אונד תלמידי חכמים.

**וְלֹא יָמוּתוּ בַּעֲלֵיהֶן חָלִילָה בְּקוֹצֶר שָׁנִים רַק יַאֲרִיכוּ יְמֵיהֶם וּשְׁנוֹתֵיהֶם לְאוֹרֶךְ יָמִים וְשָׁנִים. וְלֹא יִפְטוֹר בַּעֲלִי בִּבְחֲרוּתִי.**

אונד איהרע מאַננער זאָללען ניכט חלילה שטערבען נאַך קורצען יאַהרען; זאָנדערן זיא זאָללען בייזאַממען לעבען לאַנגע יאַהרע אין גראָססען פריידען — אַללמעכטיגער גאָטט! פערלאַנגערע אויך דאַז לעבען מיינעז מאַננעז, דאַס

ער ניכט אויזה שטערבען זאָלל נאַך קורצען יאַהרען; זאָנדערן וויר זאָללען זוכה זיין מיט איינאַנדער צו אַלטערן ביים אונזערן קינדערן אין גראָססען פריידע.

יְהִי רָצוֹן מִלְּפָנֶיךָ יְיָ אֱלֹהַי וֵאלֹהֵי אֲבוֹתַי שֶׁתַּזְמִין לְכָל בָּנַי אֶת בַּת זוּגוֹ וּלְכָל אַחַת מִבְּנוֹתַי אֶת בֶּן זוּגָהּ.

עס זייא דיין ווילע, גאָטט מיין גאָטט! אונד גאָטט מיינער עלטערן! דאַס דוא זאָללסט בעשערען יעדעם מיינער זאָהנע זיינע רעכטע בת זוג, וועלכע דוא אַללמאַכטיגער גאָטט איהם בעשטיממט האַסט, שאָן אים אַנפאַנג זיינער ענטשטעהונג אים מוטטערלייב; אונד אַללען מיינען טאָכטערן זאָללסט דוא אויך בעשערען, יעדער איהרען רעכטען בן זוג,

הַמְיוּחָד לְכָל אֶחָד מֵהֶם, וְלֹא יַקְדִּימֵם אַחֵר.

וועלכע דוא אַללמאַכטיגער גאָטט! איהנען בעשטיממט האַסט, עהע זיא נאָך זינד ערשאַפפען וואָרדען; אונד עס זאָלל קיין אַנדערער איהנען צופאָר קאָממען אונד איהרען בן זוג וועגנעהמען.

וְלֹא יִדָּחוּ מִפְּנֵי אֲחֵרִים, וְיִוָּלְדוּ בָנַי וּבְנוֹתַי בְּשָׁעָה טוֹבָה וּבְמַזָּל טוֹב:

אונד זיא זאָללען ניכט אויזה פערשטאָססען ווערדען וועגען אַנדערער — איבערהויפט זאָללען מיינע זאָהנע אונד טאָכטער געבאָרען זיין אין איינער גוטען שעה אונד אין איינעם גוטען מזל.

יִפְעֲלוּ הַכֹּל לְטוֹבָה וְלִבְרָכָה, וְזַכֵּם בִּבְנֵי חַיֵּי וּמְזוֹנֵי רְוִיחֵי.

זיא זאָללען אַללעס אונטערנעהמען צום גוטען אונד צום זעגען אונד זייא זיא מזכה מיט קינדערן וועלכע לאַנגע לעבען זאָללען; אונד לאַס זיא זיך מפרנס זיין בכבוד, דאַס זיא איהרע פרנסה האַבען זאָללען בריוח בנחת ובהיתר פאָן דיינער האַנד.

וְלֹא יֶחְסַר לָהֶם מָזוֹן וְטֶרֶף בְּבֵיתָם, וְתַצִּילֵם מִמְּאוֹרָעוֹת קָשׁוֹת.

עס זאָלל איהנען ניכט מאַנגעלן פרנסה פיר איהר הויזגעזינד זאָ לאַנגע זיא לעבען ווערדען; אונד בעהיטע זיא פאָר אַללען איבלען ערייגניססען.

וּמִמִּקְרִים רָעִים הַבָּאִים לָעוֹלָם, וְתַצִּילֵם מִיֵּצֶר הָרָע.

אונד פאָן אַללען בעזען צופאַללען וועלכע צוויילען אין דיא וועלט קאָממען, ווייא אויך פאָר דעם יצר הרע, דאַס ער זיא ניכט פערלייטע זאָלל צום זינדיגען.

וְתַשְׁכֵּן בֵּין אִישׁ לְאִשְׁתּוֹ אַהֲבָה וְאַחֲוָה וְרֵעוּת וְשָׁלוֹם וְכֵן בֵּין כָּל קְרוֹבֵינוּ:

לאַס אויך זיין צווישען מיר אונד מיינעם מאַננע, ווייא אויך צווישען מאַן אונד ווייב ביי אַללען מיינען קינדערן, לויטער פערטראַגליכקייט, ליעבע אונד פריינדשאַפט; זאָ אויך צווישען אַללען אונזערן פערוואַנדטען.

וְנִזְכֶּה לָזוּן אֶת בָּנֵינוּ בְּקַטְנוּתָם בְּכָבוֹד בְּלִי חֶרְפָּה וּבִזָּיוֹן.

אונד וויר זאָללען זוכה זיין אונזרע קינדער צו פערפלעגען זאָ לאַנגע זיא נאָך קליין זינד, מיט גראָססעם כבוד, אָהנע שאַנדע.

וְתִהְיֶה תוֹרָתָם אֻמָּנוּתָם בְּכָבוֹד וִיבַלּוּ יְמֵיהֶם וּשְׁנוֹתֵיהֶם בַּנְּעִימִים.

אונד אַלל איהר טהון זאָלל זיין נאַך תורה ומצות אונד לויטער מעשים טובים בכבוד, אונד זיא זאָללען איהרע יאַהרע צובריינגען אין פראָהליכעם לעבען.

בַּתּוֹרָה בְּמִצְוֹת וּבְמַעֲשִׂים טוֹבִים וּמְלַאכְתָּם וְכָל עִסְקֵיהֶם יִתְבָּרְכוּ וְלֹא יִצְטָרְכוּ לַבְּרִיּוֹת.

אין תורה מצות אונד מעשים טובים, אונד אין אַלל איהרער מלאכה אונד משא ומתן זאָללען זיא מצליח זיין אַלל איהר לעבטאַג, דאַס זיא קיינע מענשען אונטערשטיטצונג בעדירפען זאָללען.

וְאֶזְכֶּה לִרְאוֹתָם בְּשִׂמְחָה וְלֹא יִהְיֶה בָהֶם עָקָר וַעֲקָרָה וּמְשַׁכֵּלָה.

אונד איך זאָלל זוכה זיין אַן איהנען שמחות צו זעהען, אונד זיא זאָללען ווייטער זוכה זיין שמחות אַן איהרען קינדערן צו זעהען, אונד עס זאָלל אונ־טער איהנען קיינע אונפרוכטבאַרקייט חס ושלום זיין, אָדער איינע דיא איהרע קינדער ניכט אויזטראַגען זאָללטע, אָדער דיא חס ושלום אפילו וואָרע פאָר דער צייט; זאָנדערן איהרע פרוכט זאָלל געזעגנעט זיין פאָן גאָטט.

וְיִמְצְאוּ חֵן וְשֵׂכֶל טוֹב בְּעֵינֵי אֱלֹהִים וְאָדָם.

אונד זיא זאָללען פינדען גנאַדע אונד לייטזעליגקייט אין גאָטטעס אויגען, אונד אין דען אויגען אַללער מענשען מיט דענען זיא אומגעהען ווערדען.

וְלֹא נַעֲזוֹב אוֹתָם בְּיַד אֲחֵרִים חַס וְשָׁלוֹם:

אונד וויר זאָללען אונזרע קינדער ניכט חס ושלום פערלאַססען אין פרעמדען הענ־דען; זאָנדערן, דוא ליעבער גאָטט! זאָללסט אונז בייא איהנען לעבען לאַססען;

וּתְחַזֵּק לִבָּם שֶׁיִּהְיוּ שׁוֹמְעִים בְּקוֹל אֲבִיהֶם וְאִמָּם וְרַבָּנֵיהֶם.

אונד דוא זאָללסט שטאַרקען דאַז הערץ פאָן מיינע קינדערן, דאַס זיא זאָללען אַנהערען אונד בעפאָלגען דיא שטיממע איהרעז פאַטערז, איה־רער מוטטער אונד איהרעז לעהרערז.

וְגַם קָטָן יִשְׁמַע לְגָדוֹל וִיכַבְּדוּ זֶה אֶת זֶה.

אויך דער יינגערע אונטער איהנען זאָלל דעם עלטערן פאָלגען אונד איבערהויפט איינער דען אַנדערן בכבוד האַלטען.

וִיהְיֶה טוֹב וְנָעִים שִׁבְתָּם בְּאַהֲבָה. גַּם תִּהְיֶינָה בְּנוֹתַי נָאוֹת וְיָפוֹת בַּעֲלוֹת חֵן וָחֶסֶד.

אונד זיא זאָללען גוט אונד איינינג מיט איינאַנדער זיין, מיט ליעבע. מיינע טאָכטער זאָללען אויך זיין היבש אונד אַנגענעהם, אונד זאָללען פינ־דען גנאַדע אונד לייטזעליגקייט אין דיינען אונד אין אַללער לייטע אויגען.

וּבַעֲלוֹת שֵׂכֶל טוֹב, וְיִהְיוּ צְנוּעוֹת צַדְקָנִיּוֹת וַחֲסִידוֹת.

אונד זיא זאָללען אויך איינען געזונדען פערשטאַנד האַבען, אונד זאָללען זיין צנועות צדקניות וחסידות.

וְתִהְיֶינָה מְעֻטָּרוֹת בְּמַעֲלוֹת וּבְמִדּוֹת טֹבוֹת, וְתִהְיֶינָה שְׁלֵמוֹת בְּלִי מוּם, וּבָרֵךְ אֶת מַעֲשֵׂה יָדֵינוּ.

אונד זיא זאָללען געשמיקקט אונד געציערט זיין מיט גוטער קאָזטליכען מדות טובות, אונד זאָללען ניכט אונגעצאָגען זיין; זאָנדערן אימּמער ציכטיג

לו הויזע בלייבען, דען דער כבוד פֿאָן אייגער בת ישראל איזט, ווען זיא
לו הויזע בלייבט, אונד זיך ליבטיג אויפֿפֿיהרט. זיא זאָללען אויך אייגען
געזונדען אונד גוט געוואַכזענען גוף האַבען, דאַס זיא אוילה קייגען וואָ
האַבען. — אַללמעכטיגער גאָטט! זעגנע דיא ווערקע פֿאָן אונזערן האַנדען
דאַס וויר גליקקליך זיין זאָללען, וואָהין וויר אונז קעהרען אונד ווענדען,

כְּדֵי שֶׁנִּזְכֶּה לְהַרְבּוֹת לְבָנֵינוּ מֹהַר וּמַתָּן כְּרָאוּי לִבְנֵי גִילָן.

דאַמיט וויר זוכה זיין זאָללען אונזרע קינדער רייכליך פֿערזאָרגען לו קענ
נען, וויא עז רעכט איזט לו איהרעס אַזל.

וּמֵהֶם יֵצְאוּ פֵּירוֹת טוֹבוֹת בָּנִים צַדִּיקִים זוֹכִים וּמְזַכִּים לְכָל יִשְׂרָאֵל אָמֵן.

אונד וויר זאָללען זוכה זיין, דאַס פֿאָן איהנען געבאָרען ווערדען לויטער
לדיקים, חסידים אונד תלמידי חכמים, דיא דאַ פֿרמאָן זיין זאָללען אונד
זאָללען וויטער מזכה רבים זיין, אמן.

אָנָּא יְיָ בְּרַחֲמֶיךָ הָרַבִּים.

איך ביטטע דיך, גאָטט! איט דיינער גראָסען באַרמהערליגקייט.

וּבַחֲסָדֶיךָ הַגְּדוֹלִים שֶׁתְּזַכֵּנִי אוֹתִי וְאֶת בַּעֲלִי פב"פ.

אונד איט דיינער גראָסען גנאַדע, זאָללט דוא איך לאַסען זוכה זיין,
איך אונד איינען אַאַן (פּלוני בר פּלוני).

לְמַלֹּאת מִסְפַּר יָמֵינוּ עַד מְלֹאת שְׁנוֹתֵינוּ שִׁבְעִים שָׁנָה.

לו פֿערלאַנגערן אונזרע יאַהרע אונד טאַגע; דאַמיט דיא גאַנלע לאַהל
פֿאָן אונזערן יאַהרען אונד טאַגען, וועלכע וויר לו לעבען האַבען, דאָז זינד
זיעבליג יאַהרע, פֿאָלל ווערדע.

וּתְהִי אַהֲבָה תָּמִיד בֵּינֵינוּ וְהָסֵר מֵאִתָּנוּ לֵב רַגָּז וְהַקַּפְדָּנוּת.

אונד עז זאָלל לוויטען אונז זיין לויטער ליעבע אונד פֿריינדשאַפֿט, אונד
ווענדע פֿאָן אונז אַב יעדע פֿערדריעסליכקייט אונד יעדען לוויזט.

וְשֶׁלֹּא יִפְּלוּ כָּל יָמֵינוּ מַחֲלוֹקוֹת וּקְטָטוֹת בֵּינֵינוּ.

אונד עז זאָלל ניא אויזברעכען לווישען אונז אונאייניגקייט אונד לאַנק, זאָ
לאַנג וויר לעבען.

אֲבָל נְבַלֶּה בְּטוֹב יָמֵינוּ וְהָסֵר מֵאִתָּנוּ כָּל מִינֵי צַעַר וּדְאָגָה שֶׁבָּעוֹלָם.

זאָנדערן וויר זאָללען אונזרע יאַהרע אונד טאַגע לובריגגען אין לויטער
לופֿריעדענהייט אונד פֿריידע, אונד ווענדע אַב פֿאָן אונז יעדען לער אונד
אַללע דאגות פֿאָן דער וועלט.

וְשֶׁלֹּא תְּהִי לָנוּ שׁוּם טִרְדָה שֶׁבָּעוֹלָם מִטִּרְדוֹת הַזְּמַן.

דאַס וויר גאַר קיינע זאָרגע האַבען זאָללען, אין אַללען אומשטאַנדען, אין
וועלכע וויר קאָממען קאָננטען.

וּתְזַכֶּה אוֹתִי וְאֶת בַּעֲלִי לְגַדֵּל אֶת בָּנֵינוּ וְאֶת בְּנוֹתֵינוּ.

אונד זייא איך איט איינעם אַאַן מזכה, דאַס וויר ערליעהען זאָללען אונזרע
זאָהנע אונד טאָכטער לתורה, לחופה ולמעשים טובים. אמן.

וְשֶׁיִּהְיוּ בָּנֵינוּ וּבְנוֹתֵינוּ בַּעֲלֵי עוֹשֶׁר וְכָבוֹד וַחֲסִידִים וַחֲסִידוֹת, וְלֹא יָמוּת אֶחָד מִבָּנֵינוּ אוֹ אַחַת מִבְּנוֹתֵינוּ בְּחַיֵּינוּ.

אונד לאַס אונזרע זאֶהנע אונד טאֶכטער זיין לויטער בעלי עושר וכבוד אונד חסידים וחסידות; אונד עס זאָלל ניעמאַנד פאָן אונזערן זאֶהנען אָדער טאֶכטערן בייא אונזערם לעבען שטערבען.

רַק תְּמַלֵּא מִסְפַּר יְמֵיהֶם וּשְׁנוֹתֵיהֶם בְּשֵׂיבָה טוֹבָה וּבְמַזָּל טוֹב.

זאָנדערן דוא זאָללסט דיא צאַהל איהרער יאַהרע צו איינעם גוטען אַלטער אונד איינעם גוטען מזל פאָלל ווערדען לאַססען.

וַאֲנִי וּבַעֲלִי (פב"פ) נְגַדֵּל יַחַד בְּאַהֲבָה בְּחִבָּה וּבִבְרִיאוּת וּבְשַׁלְוָה וּבְהַשְׁקֵט וָבֶטַח וּבְעוֹשֶׁר וְכָבוֹד לַאֲרִיכוּת יָמִים וְשָׁנִים.

אונד איך אונד מיין מאַן (פב"פ) זאָללען זוכה זיין, זיא מיט איינאַנדער צו ערציעהען אין ליעבע אונד פריידען, מיט רוהיגעם הערצען אונד מיט עושר וכבוד צו לאַנגען יאַהרען אונד טאַגען.

אַתָּה יְיָ תִּזְמוֹן לָזוֹן וּלְפַרְנֵס וּלְכַלְכֵּל אֶת בָּנֵינוּ וְלִתֵּן לְכָל אַחַת מִבְּנוֹתֵינוּ נְדוּנְיָה הָרְאוּיָה לְפִי כְּבוֹדֵנוּ.

דוא גאָטט זאָללסט אונס בעשערען, דאַס וויר זאָללען ערנאֶהרען אונד פערפּפלעגען קאֶננען אונזרע זאֶהנע אונד טאֶכטער, אונד דאַס וויר זאָללען יעדעם אונזערער קינדער געבען קאֶננען איינע נדוניה, וועלכע זיך געביהרט אונזערם כבוד נאַך.

וְתַצִּיל אוֹתִי וְאֶת בַּעֲלִי (פ"ב"פ) וּבְנוֹתַי (פלונית ופלונית).

אונד בעשיטצע איך אונד מיינען מאַן (פב"פ) אונד מיינע טאֶכטער (פלונית ופלונית).

וְאֶת בָּנַי (פלוני ופלוני) מִכָּל מִינֵי פֻּרְעָנִיּוֹת וּמִכָּל גְּזֵרוֹת קָשׁוֹת הַמִּתְרַגְּשׁוֹת וּבָאוֹת לָעוֹלָם:

אונד מיינע זאֶהנע (פלוני ופלוני) פאָר אַללען פורעניות אונד בעֶזען עראייגניסען, אונד פאָר אַללען צרות מיט וועלכען דיא מענשען היימגעזוכט ווערדען.

מֵאָדָם רָע וּמִפֶּגַע רָע מִשָּׂטָן הַמַּשְׁחִית וּמֵעַיִן הָרָע.

פאָר בעֶזען מענשען אונד בעֶזען בעגעגנונגען, פאָר פערדערבען, אונד אַללען מיני עין הרע.

מִדִּין קָשֶׁה וּמִבַּעַל דִּין קָשֶׁה וּמִלִּסְטִים וְשׁוֹדְדִים וְשׁוֹלְלִים וְחוֹסְמִים וּמִכָּל אוֹיֵב וְשׂוֹנֵא הֵן בָּעִיר.

פאָר בעֶזען, האַרטען אונד שווערען געריכטען, פאָר אַללען האַרטען אונד שווערען בעלי דינים, פאָר רייבערן, דיעבען אונד מאֶרדערן, אונד פאָר אַללען פיינדען; עס זייא אין דער שטאַדט,

וְהֵן בַּשָּׂדֶה, הֵן בַּיַּעַר וְהֵן בַּדֶּרֶךְ, הֵן בָּהָר וְהֵן בַּבִּקְעָה.

אָדער אויף דעם פעלד! עס זייא אים וואַלדע אָדער אויף דער שטראַסע;

עז זייא אויף דעם בערגע אָדער אים טהאַל; איבערהויפט אַן אַללען אָרטען וואָ ויר זיין ווערדען.

בֵּין בַּיּוֹם וּבֵין בַּלַּיְלָה, וְתַצִּילֵנוּ מֵחֳלָיִם רָעִים, הֵן חוֹלִי רֹאשׁ,

עז זייא ביים טאַג אָדער ביים נאַכט — אונד בעשיטצע אונז אויך פֿאָר אַללען בעזען קראַנקהייטען; עז זייא ח"ו קאָפּפֿשמערצען,

וְחוֹלִי הָעֵינַיִם וְהָאָזְנַיִם וְהֶחָזֶה וְהַלֵּב וְאִשְׁתָּא צְמִרְתָּא וְהַשִּׁנַּיִם.

אָדער אויגענשמערצען, אָדער אָהרענשמערצען, אָדער ברוסטוועה, אָדער הערצוועה, אָדער איין מין קדחת רחמנא ליצלן, אָדער צאַהנשמערצען

וְחוֹלִי תַחְתּוֹנִית וְכָל שְׁאָר מִינֵי מַדְוֶה וּמַחֲלָה הֵן בַּחֲלַל הַגּוּף אוֹ חוּץ לַחֲלַל הַגּוּף.

אָדער דיא קראַנקהייט וועלכע הייסט (תחתונית), אָדער זאָנסט אַנדרע שמערצען אונד קראַנקהייטען; עז זייא אינווענדיג אים לייב, אָדער אויזווענדיג.

אָנָּא יְיָ אֱלֹהַי וֵאלֹהֵי אֲבוֹתַי שֶׁתְּמַלֵּא כָּל מִשְׁאֲלוֹת לִבִּי לְטוֹבָה וְלִבְרָכָה.

איך ביטטע דיך, גאָטט מיין גאָטט, אונד גאָטט מיינער עלטערן! דאַס דוא זאָללסט ערפֿיללען אַללע דיא וינשע מיינעס הערצענס צום גוטען אונד צום זעגען,

אַל תַּעֲמוֹד שִׂטְנָה לִתְפִלָּתִי רַק יְהִי לִי

אונד עס זאָלל מיינער תפלה ניכטס ענטגעגען שטעהען; זאָנדערן איך זאָלל האַבען

כַּמָּה וְכַמָּה מַלְאֲכֵי רַחֲמִים מְלִיצֵי יוֹשֶׁר. וְקַיֵּם בִּי מִקְרָא שֶׁכָּתוּב: וְתִגְזַר אוֹמֶר וְיָקָם לָךְ וְגַם מִקְרָא שֶׁכָּתוּב.

פֿיעלע באַרמהערציגע מלאכים אַלס גוטע פֿירשפּרעכער, אונד עס זאָלל אַן מיר בעשטעטיגט ווערדען דער פסוק, דער דאַ הייסט: דוא ווירסט איינע זאַכע וינשען, אונד זיא ווירד דיר געוואָהרט ווערדען. וויא אויך דער פסוק דער דאַ הייסט:

הָאִירָה פָנֶיךָ עַל עַבְדֶּךָ וְהוֹשִׁיעֵנִי בְּחַסְדֶּךָ. יִהְיוּ לְרָצוֹן אִמְרֵי פִי וְהֶגְיוֹן לִבִּי לְפָנֶיךָ יְיָ צוּרִי וְגוֹאֲלִי.

לאַס דיין אַנטליטץ לייכטען אויף דיינען קנעכט, אונד הילף מיר נאַך דיינער גנאַדע — עס זאָללען געפֿעללינג זיין דיא וואָרטע מיינעס מונדעס, אונד דיא געדאַנקען מיינעס הערצענס פֿאָר דיר, עוויגער מיין גאָטט! אונד מיין ערלעזער! — אמן.

ב. דיעזע תחנה זאַגע מאַן גלייך בייא דעם אויפֿשטעהען נאַך דעם האַנדוואַשען.

איך בין נון בערייט, אויף איך צו עמפּפֿאַנגען דיא אמונה פֿאָן דעם לעבענדיגען גאָטט (יתברך שמו), דער דאַ פֿערבאָרגען איזט אַללען, דיא דאַ לעבען, וועגען זיינער גראָססען קראַפֿט; אונד איך גלויבע וואַהרהאַפֿט מיט גאַנצעם הערצען, דאַס דער שעפּפֿער, געלאָבט זייא ער! איין עוויגער גאָטט איזט; דעססען איינהייט ניכט איהרעס גלייכען האַט, אין קיינערלייא געשטאַלט, וויא דאַ געשריבען שטעהט אין דער הייליגען תורה: שמע ישראל ה' אלהינו ה' אחד. — אונד אָהנע איהם איזט קיין גאָטט מעהר. ער

אַללײן האַט ערשאַפפען אַללע דיא אָבערזטען הימעל מיט אַלל איהרען הערען, דיא ערדע מיט אַלל איהרען הער. ער האַט ערשאַפפען אַללע געשאָפפע, מענשען, בהמות, חיות ועופות, פישע אונד אַללערלייא טרלין פאָן גראָס ביז קליין, אונד ער שפייזט אויך מיט זיינער גראָסען באַרמהערציגקייט אַללע געשאָפפע. דער אונטערזטע עולם אייזט דער, וואָ וויר מענשען וואָהנען, דער הייסט: עולם השפל, דער שלעכטע עולם; דאָך פינדעט מאַן אויך אין דיעזעם שלעכטען עולם פיעל טויזענד אונד טויזענד געשאָפפע, אין וועלכען מאַן גאָטטעס וואונדער אונד זיינע בעזאָנדערע חכמה זיעהט. יעדאָך אייזט דיעזער עולם נור אַלז איין זענפקאָרנלײן גערעכנעט געגען דעם עולם הגלגלים, דאַז זינד דיא הימעל, וואָ מאַן צאָהלט דיא זיעבען פּלאַנעטען, דיא צוועלף מזלות, אונד אַללע שטערנע, דיא אַללע אין דער לופט האַנגען דורך דיא גראָסע מאַכט אונד קראַפט פאָן הש"י אונד דער עולם הגלגלים אייזט ניכטז מעהר אַלז איין זענפקאָרנלײן געגען דעם עולם המלאכים, וואָ דיא מלאכים זינד; אונד דער עולם המלאכים זעלבזט אייזט ניכטז מעהר אַלז איין זענפקאָרנלײן געגען זיין הייליגעז וועזען, געלאָבט זייא ער אימער אונד עוויג! זיינע גראָסע אונד העררליכקייט האַט קיינען שיעור אונד קיינען ערך! — איך גלויבע אויך וואַהרהאַפט מיט מיינעם גאַנצען הערצען, דאַס דער שעפּפער אייזט איין העררער איבער אַללע הערען, אונד אַללע דיא כח אונד גבורה אייזט אין זיינער האַנד אונד ער האַט דיא געוואַלט צו טהון, וואַז ער וויל. ער האָרט אונד זיעהט אונד ווייס אַללעז, אפילו דאַז, וואַז דער מענש אין זיינער מחשבה האַט, אכ"ט דאַס ער אַללעז ווייס, וואַז דער מענש טהוט, עז זייא גוט אָדער חס ושלום שלעכט. אונד איך גלויבע אויך וואַהרהאַפט, דאַס דער שעפּפער יעדעם מענשען זיינען לאָהן גיבט, נאַכדעם דער מענש האַנדעלט, עז זייא גוט אָדער חס ושלום בעזע; גיבט ער איהם זיינען לאָהן ניכט אויף דיעזער וועלט, זאָ גיבט ער איהם דענזעלבען, אויף דער אַנדערן וועלט. עז געשיעהט קיינעם אונרעכט, דען ער הייסט: אל אמונה; אונד איך גלויבע אויך, דאַס דער שעפּפער ווירד אַם ענדע דיא מתים וויעדער לעבענדיג מאַכען מיט זיינער באַרמהערציגקייט. אויף איהן האַבע איך מיינע האָפפנונג, אונד איהם איבערגעבע איך מיין נפש, רוח ונשמה; אונד איך בין אויך מיך מקבל זיינע מצות, איהם צו דיענען מיט גאַנצעם לייב, מיט גאַנצעם הערצען אונד גאַנצעם מוט.

**כא.** דיעזע תחנה זאַגע מאַן אויך פריה גלייך נאַך דעם האַנדוואַשען.

אנא השם! איך ביטטע דיך, גאָטט אלהי ישראל! ערהאָרע מיינע תשובה, דיא דאַ גאַנץ אייזט, אונד פערגיב מיר מיינע זינדען אונד מיינע מיסעטהאַטען, דען דוא ביזט לאַנגמיטהיג אונד דיינע גנאַדע אונד באַרמהערציגקייט אייזט גראָס. לאַס דאַהער מיינע תפלה, דיא איך פאָן גאַנצעם הערצען בעטע, פאָר דיך קאָממען, אונד לאַס מיך ניכט לעער פאָן דיר אויזגעהען, דען דוא ביזט יאַ איין באַרמהערציגער גאָטט, דער דאַ ערהאָרט דיא תפלות דער אַרמען; ערבאַרמע דיך דאַהער אויך איבער מיך. עז זאָלל זיין דיין וויללע, גאָטט מיין גאָטט! אונד גאָטט מיינער עלטערן! דאַס דוא מיר אָפפנען זאָללזט דיא פּפאָרטען דער תשובה, תפלה אונד באַרמהערציגקייט, אונד ערהאָרע מיין געבעט, גלייכוויא דוא ערהאָרט האַסט דיא תפלות

פאָן אונזערן עלטערן: דיא תפלה פאָן אברהם אויף דעם בערג מוריה, דיא
תפלה פאָן יצחק, אַז ער געבונדען וואַר אויף דעם מזבח, אונד דיא תפלה
פאָן פינחס אין דער פערזאַמלונג, אונד דיא תפלה פאָן אליה אויף דעם
בערגע כרמל, אונד דיא תפלה פאָן שמואל אין מצפה, אונד דיא תפלה פאָן
דויד אונד זיינעם זאָהנע שלמה אין ירושלים, אונד דיא תפלה פאָן דניאל
אין דער לעווענגרובע, אונד דיא תפלה פאָן חנניה מישאל ועזריה אין דעם
קאַלקאָפען, אונד דיא תפלה פאָן מרדכי ואסתר אין שושן הבירה, אונד דיא
תפלה פאָן אַללען צדיקים אונד חסידים; זאָ ערהערע אויך מיינע תפלה,
דען דוא ביזט גערעכט, אונד איבזט גערעכטיגקייט. — איך ביטטע
דיך גאָטט! טהוע אַללע בעזען געדאַנקען אַב פאָן מיינעם הערצען, אונד
גיב מיר אין דען זין, דיך צו פירכטען אונד דיינע תורה צו האַלטען. מאַכע
מיך ווירדיג צו אַללען גוטען ווערקען, אונד גיב מיר גונזט אין דיינען אויגען
אונד אין דען אויגען אַללער מענשען, פאָן יעטצט ביז עוויג. צו דיינער
הילפע האָפפע איך גאָטט! מיין גאָטט! אונד גאָטט מיינער עלטערן אברהם,
יצחק אונד יעקב! הערר איבער אַללע וועלט! איך קאָממע דאַ פאָר דיך צו
ביטטען, דאַס דוא דיינעז נאַמענז אונד דיינער באַרמהערציגקייט וועגען
אַננעהמען זאָללזט מיין געבעט, דאַז איך בערייטז געבעטעט האַבע פאָר
דיר אונד דאַז איך נאָך בעטען וויל. עפפנע מיר דיא פפאָרטען פאָן
תפלה! אונד לאַס מיך ניכט לעדיג פאָן דיר אוועגגעהען. בעשיטצע מיך,
מיינען מאַן, מיינע קינדער, וויא אויך אַללע מיינע גוטען פריינדע אונד
כל ישראל, פאָר דען הענדען דער אכזריים, פאָר אַללען תפיסות, פאָר אַל-
לען בעזען קראַנקהייטען, אונד פאָר אַללען ליידען. גיב אונז מזל אין
אונזערן ווערקען, אונד אונזרע נאַהרונג זאָללזט דוא ערטהיילען מיט גנאַדע,
אין לויטער גליק, אין עהרען אונד פערמעגליגקייט. ליעבער הערר גאָטט! אין
דיינע הענדע בעפעהלע איך מיינע זעעלע, דען דוא ביזט איין וואַהרער
גאָטט! געלאָבט זייזט דוא איממער אונד עוויג! — בעהיטע מיך, מיי-
נען מאַן אונד מיינע קינדער, וויא אויך אַללע מיינע גוטען פריינדע, פאָר
אַללען בעזען געדאַנקען. אונד שיקקע משיח בן דוד אין אונזערן טאַגען.
לאַס קיינע בעזען בעגיערדען איבער מיך הערשען אונד פערהייטלע דיא
בעזען רעדען אַללער דעריעניגען, דיא אויף מיך, מיינע גוטען פריינדע אונד
כל ישראל בעזעז רעדען, דאַס איהרע בעזען רעדען ניכט שאַדען זאָללען. —
אַללמעכטיגער גאָטט! בעהיטע מיך פאָר איינעם שמערצפאָללען טאָד; ווען
דוא איהן אויף מיך שיקקזט, זאָ זאָלל עז זיין מיט גנאַדע אונד ניכט מיט
צאָרן, אונד לאַס איהן איינע כפרה זיין אויף אַללע מיינע זינדען. לענקע
אונד שטערקע מיין הערץ, ווייל איך נאָך לעבע, דאַס עז ווירדיג ווירד,
דיינע מצות צו טהון, אונד דאַס עז דיינער תורה ניכט פערגעסע. — ליעבער
גאָטט! איך בין דיין קינד, פערגיב מיר מיינע זינדען, דאַ איך געקאָממען
בין, אום דיינע גנאַדע צו ביטטען, אונד שיקקע מיר מליצי יושר, דיא פיר
מיך ביטטען זאָללען, דאַס איך קיינעז פלעטצליכען טאָדעז שטערבע, דאַז
ווערדע וואַהר — אמן סלה.

מוֹדֶה אֲנִי לְפָנֶיךָ יְיָ אֱלֹהַי וֵאלֹהֵי אֲבוֹתַי אֵל אֱלֹהֵי הָרוּחוֹת לְכָל בָּשָׂר
שֶׁרְפוּאָתִי בְּיָדְךָ וּמִיתָתִי בְּיָדְךָ. יְהִי רָצוֹן מִלְּפָנֶיךָ שֶׁתְּרַפְּאֵנִי רְפוּאָה

שְׁלֵמָה וְיַעֲלֶה זִכְרוֹנִי וּתְפִלָּתִי לְפָנֶיךָ כִּתְפִלַּת חִזְקִיָּה בְּחָלְיוֹ, וְאִם קָרְבָה עֵת פְּקוּדָתִי לָמוּת תְּהֵא מִיתָתִי כַּפָּרָה לְכָל חַטֹּאתַי וּלְכָל עֲוֹנַי וּלְכָל פְּשָׁעַי שֶׁחָטָאתִי וְשֶׁעָוִיתִי וְשֶׁפָּשַׁעְתִּי לְפָנֶיךָ מִיּוֹם הֱיוֹתִי עַל הָאֲדָמָה עַד הַיּוֹם הַזֶּה וְתֵן חֶלְקִי בְּגַן עֵדֶן וְזַכֵּנִי לְעוֹלָם הַבָּא הַצָּפוּן לַצַּדִּיקִים וְתוֹדִיעֵנִי אוֹרַח חַיִּים שׂוֹבַע שְׂמָחוֹת אֶת פָּנֶיךָ נְעִימוֹת בִּימִינְךָ נֶצַח. בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ שׁוֹמֵעַ תְּפִלָּה:

אֱלֹהַי וֵאלֹהֵי אֲבוֹתַי תָּבוֹא לְפָנֶיךָ תְּפִלָּתִי וְאַל תִּתְעַלַּם מִתְּחִנָּתִי שֶׁאֵין אֲנִי עַז פָּנִים וּקְשֵׁה עוֹרֶף לוֹמַר לְפָנֶיךָ יְיָ אֱלֹהַי וֵאלֹהֵי אֲבוֹתַי צַדִּיק אֲנִי וְלֹא חָטָאתִי אֲבָל אֲנִי חָטָאתִי.

אָשַׁמְתִּי. בָּגַדְתִּי. גָּזַלְתִּי. דִּבַּרְתִּי דֹפִי. הֶעֱוֵיתִי. וְהִרְשַׁעְתִּי. זַדְתִּי. חָמַסְתִּי. טָפַלְתִּי שֶׁקֶר. יָעַצְתִּי רָע. כִּזַּבְתִּי. לַצְתִּי. מָרַדְתִּי. נִאַצְתִּי. סָרַרְתִּי. עָוִיתִי. פָּשַׁעְתִּי. צָרַרְתִּי. קִשִּׁיתִי עֹרֶף. רָשַׁעְתִּי. שִׁחַתִּי. תִּעַבְתִּי. תָּעִיתִי. תִּעְתָּעְתִּי. סַרְתִּי מִמִּצְוֹתֶיךָ וּמִמִּשְׁפָּטֶיךָ הַטּוֹבִים וְלֹא שָׁוָה לִי. וְאַתָּה צַדִּיק עַל כָּל הַבָּא עָלַי כִּי אֱמֶת עָשִׂיתָ וַאֲנִי הִרְשָׁעְתִּי.

מַה נֹּאמַר לְפָנֶיךָ יוֹשֵׁב מָרוֹם וּמַה נְּסַפֵּר לְפָנֶיךָ שׁוֹכֵן שְׁחָקִים הֲלֹא כָּל הַנִּסְתָּרוֹת וְהַנִּגְלוֹת אַתָּה יוֹדֵעַ. אַתָּה יוֹדֵעַ רָזֵי עוֹלָם וְתַעֲלוּמוֹת סִתְרֵי כָּל חָי. אַתָּה חוֹפֵשׂ כָּל חַדְרֵי בָטֶן וּבוֹחֵן כְּלָיוֹת וָלֵב אֵין כָּל דָּבָר נֶעְלָם מִמֶּךָּ וְאֵין נִסְתָּר מִנֶּגֶד עֵינֶיךָ. וּבְכֵן יְהִי רָצוֹן מִלְּפָנֶיךָ יְיָ אֱלֹהַי וֵאלֹהֵי אֲבוֹתַי שֶׁתִּסְלַח לִי עַל כָּל עֲוֹנוֹתַי וּתְכַפֶּר לִי עַל כָּל פְּשָׁעַי. יִהְיוּ לְרָצוֹן אִמְרֵי פִי וְהֶגְיוֹן לִבִּי לְפָנֶיךָ יְיָ צוּרִי וְגוֹאֲלִי:

הערר דער גאַנצען וועלט! גאָטט, מיין גאָטט, אונד גאָטט מיינער עלטערן אברהם יצחק אונד יעקב! דער דוא גראָס, מאַכטיג אונד פורכטבאַר ביזט! דער דוא עוויג גאָטט בלייבזט אונד הערר איבער דיא גאַנצע וועלט! איבער אַללע מענשען, איבער דיא טהיערע, איבער אַללעז, וואַז אים מעער איזט, איבער דיא פישע אונד אַללע זעעגעשאָפּפע, וויא אויך איבער אַללעז וואַז לעבען איזט, איבער דיא ענגעל, דיא זאָננע, דען מאָנד אונד דיא שטערנע, וועלכע אַללע אין דיינער מאַכט זינד אונד דיא דוא לענקזט אונד רעגיערזט. דוא גיבזט יעדעם געשעפּף זיינען בעדאַרף נאַך זיינעם צוועקק וואָצו עז איזט ערשאַפּ- פען וואָרדען — דוא אַללײן גאָטט יתברך בעדאַרפזט קיינעז געשעפּפעז, וועדער אים היממעל נאָך אויף ערדען נאָך אים וואַססער; דען דוא וואַרזט פאָר אַללען געשעפּפען בעפאָר נאָך היממעל אונד ערדע וואַר, אונד ווירזט זיין אויך נאַך אונטערגאַנג אַללער געשעפּפע פאָן עוויגקייט צו עוויגקייט. עז איזט ניעמאַנד וועדער אים היממעל נאָך אויף ערדען, וועלכער געהעריג ערצעהלען קאָננטע דיינע קראַפט, מאַכט, היילינקייט, ריינהייט אונד איינ- הייט. דיין נאַמע איזט געלאָבט, אונד דיין קאָניגטהום איבער אַללעז ער-

האַבען! פֿאָר דיינעם נאַמען פֿירכטען זיך דיא שאַרען אַללער היממעלזענגען, דיא דיך איממערוואָהרענד לאָבען אונד דיך ניעמאַלז זעהען קאָננען; פֿאָר פֿורכט דיינעז הייליגען נאַמענז פֿליעהט דאַז מעער הינטער זיך אונד אַללע זיינע וועללען ציטטערן; פֿאָר דיינעם נאַמען ערציטטערט דיא ערדע אונד איהרע גרונדפֿעזטען וואַנקען; פֿאָר פֿורכט דיינעז נאַמענז ערציטטערן אַללע וועלטען האָבען, אונד אַללעז, וואַז אין דען טיעפֿזטען טיעפֿען דער ערדע איזט, ערשריקקט פֿאָר דיינעם הייליגען נאַמען; דאַז גן עדן מיט אַללעם, וואַז דאַרין איזט, לאָבט דיינען הייליגען נאַמען, אונד אַללעז, וואַז נור לעבענז הויך אין זיך האַט, גיבט כבוד דיינעם הייליגען נאַמען. זאָ אויך איך דיינע מאַגד, טאָכטער דיינער מאַגד, דיא איך ערשאַפֿפֿען וואָרדען בין אויז ערדע אונד אום ווידער צור ערדע, אונד דיא איך נור בלוט אונד פֿלייש בין; גלייך איינעם שאַטטען אַן דער וואַנד, דער באַלד פֿערגעהט, אונד גלייך איינעם גראַז, דאַז באַלד פֿערוועלקט. מיט פֿורכט אונד ציטטערן קאָממע איך פֿאָר דיינעם הייליגען נאַמען, מיט געביקקטעם לייב אונד מיט גראָסער דעמוטה אונד אונטערווירפֿיגקייט, צו בענעדייען דיינען הייליגען נאַמען, אונד דיך צו ביטטען, וויא איין אַרמער מאַן אַן דער טהירע איינעז רייכען — גאָטט! מיין גאָטט! זייא גנֶדיג אונד ערהֶרע מיך מיט דיינער גראָסען באַרמהערציגקייט; אַנטוואָרטע מיר אונד בעגנאַדיגע מיך, ריכטע מיך אויף אונד ערנֶהרע מיך, זעגנע מיך אונד שרייבע מיך איין אין דאַז בוך דעז עוויגען לעבענז מיט אַללען צדיקים אונד צדקניות. גיב מיר טהייל אַן דיעזער אונד אַן יענער וועלט. גאָטט אַללמֶכטיגער! בעגליקקע מיך אין אַללען מיי-נען וועגען אונד שטעגען אונד אין אַללען ווערקען מיינער הֶנדע. שענקע מיר פֿערגעבונג, קלוגהייט, פֿערשטאַנד אונד פֿערנונפֿט, אונד פֿערלייהע מיר איין גוטעז הערץ אונד גוטע געדאַנקען, דאַס איך בערייען זאָלל מיינע זינדען אונד זאָלל תשובה טהון, אונד דאַס איך דיא בֶזען געדאַנקען ניכט פֿערלייטען, בֶזעז צו טהון. רייכע מיר דיינע רעכטע האַנד אונד עמ-פֿפֿאַנגע מיך מיט גנאַדע נעבסט אַנדערן, דיא זיך צו דיר מיט גאַנצעם הער-צען בעקעהרען, אונד פֿיהרע מיך אין אַללען מיינען וועגען אויפֿרעכט. גיב מיר געזונדהייט אונד שטֶרקע, דאַס איך דיינעם נאַמען דיענען קֶננע מיט אַללען מיינען גליעדערן, דיא דו אַן מיר ערשאַפֿפֿען האַזט. דו האַזט דען קינדערן ישראל צווייא הונדערט אַכט אונד פֿירציג מצות אַנבע-פֿאָהלען, וועלכע זיא טהון זאָללען; אונד דו האַזט זיא פֿערזיכערט, דאַס, ווען זיא יענע געבאָטע האַלטען ווירדען, זאָ וואָללעזט דו איהנען געבען דאַז ליכט, וועלכעז דען צדיקים אונד צדיקות אויף יענער וועלט פֿאָרבע-האַלטען איזט. — גאָטט מיין גאָטט! גיב, דאַס איך איממער נור גוטעז רעדע אונד טהוע פֿאָר דיר, אונד לאַס ניכטז בֶזעז אויז מיינעם מונד געהען, וועלכעז דיינען נאַמען ענטהייליגען קֶננטע. איך ביטטע דיך גאָטט, מיין גאָטט! ווען איך אויך נור וועניג גוטעז טהוע, זאָ לאַס עז דאָך דיר וואָהלגעפֿאַללען! עמפֿפֿאַנגע עז זאָ ליעברייך, אַלז הֶטטען עז געטהאַן דיא צדיקים אונד חסידים, צדיקות וחסידות אונד אַללע דיאיעניגען, וועלכע איה-רען לייב דעם טאָד הינגעגעבען האַבען, דיינעז הייליגען נאַמענז וועגען. לאַס מיין געבעט אָהנע אַללע הינדערניס פֿאָר דיר קאָממען אונד עמפֿפֿאַנגע עז, וויא דו עמפֿפֿאַנגען האַזט דאַז געבעט פֿאָן מנשה אונד יהודה, אַלז

ער זיך פֿאָר דיר געדעהמיטהיגט אונד תשובה געטהאַן האַט, אונד וויא
דוא עמפפאַנגען האַזט דאַז געבעט אַללער בעלי תשובה, וועלכע זיך פֿאָר דיר
געדעמיטהיגט האַבען, זאָ עמפפאַנגע אויך מיין געבעט היטע אונד אַללע
טאַגע מיינעז לעבענז. עמפפאַנגע עז, וויא דוא עמפפאַנגען האַזט דיא אָפפער,
וועלכע דער כהן דאַרגעבראַכט האַט אויף דעם מזבח, צו דער צייט, דאַ דיין
טעמפעל נאָך שטאַנד, אום דיא פֿערגעבונג אַללער מיסטעהאַטען דיינער
קינדער ישראל צו בעווירקען. איין טהייל פֿאָן יענען אָפפערן איזט פֿער=
בראַננט וואָרדען, אום איינען אַנגענעהמען דופֿט פֿאָר דיינער הייליגקייט
אויפֿשטייגען צו לאַסען, אונד איין טהייל דאַפֿאָן איזט געגעסען וואָרדען.
יעטצט אַבער איזט וועגען דער זינדען אונזערער עלטערן אונד וועגען אונזערער
זינדען דיעזעז הייליגע הויז, וואָ דיינע הייליגע שכינה זאָנזט רוהטע, צער=
שטאָרט. וויר האַבען קיינען כהן מעהר, קיינע אָפפער, אונד קיינע לויים,
וועלכע בייא דיינען קרבנות דיא הייליגען געזאֶנגע זאַנגען, מיט האַרפֿען,
לויטען אונד אַללערלייא זאַיטענשפיעל דיינעם הייליגען נאַמען צו עהרען. וויר
האַבען נונמעהר קיין בית המקדש, קיינען שולחן, קיינע מנורה, קיינען ארון
אונד קיין כפורת, אונד דיא הייליגע שטאַדט ירושלים איזט צערשטאָרט. דיין
געליעבטעז פֿאָלק ישראל ליידעט, אינדעם עז פֿערטריעבען איזט אונטער פֿאָל=
קער; דעזוועגען לאַסען מיינע אויגען טהראֶנען וויא וואַסער פֿליעסען טאַג
אונד נאַכט אָהנע אונטערלאַס, דאַס דוא ווידער געדענקען זאָללסט דיינעז
בערגעז ציון, דער שטאַדט, אויף וועלכע דיין נאַמע איזט גענאַננט וואָרדען,
וואָ דיינע שכינה גערוהעט האַט אונד וואָ דוא עמפפאַנגען האַזט דיא געבעטע
אַללער דעריעניגען, וועלכע דיך אַנגערופֿען האַבען אויז דעם איננערזטען
איהרעז הערצענז. — נון, הערר אַללער וועלט! יעטצט האַבען וויר ניכטז
מעהר דיר דאַרצוברינגען, אַלז דיא געבעטע אונזערער ליפפען; זיא זאָללען דיר
דאַהער זאָ אַנגענעהם זיין, וויא פֿאָרמאַלז יענע אָפפער, גלייכוויא דוא פֿער=
זיכערט האַזט אונזערן פֿאַטער אברהם צור צייט, דאַ ער זיינען זאָהן יצחק
אָפפערן וואָללטע. דאַ האַזט דוא מיט איהם איין בינדניס געמאַכט אונד איהם
צוגעשוואָרען, זיינען נאַכקאָממען דאַז הייליגע לאַנד איינצוגעבען, אונד דיינען
נאַמען אונטער איהנען רוהען צו לאַסען; וויא אויך אַללע איהרע זינדען אונד
מיסטעהאַטען צו פֿערגעבען, ווען זיא נאֶמליך דיאזעלבען בערייען, אַללעז
ווידער גוט מאַכען, וואַז זיא בעגאַנגען האַבען אונד אָפפער ברינגען ווערדען.
אונד אַלז דאַן איינע גראָסע אַנגזט אונד פֿורכט דען הייליגען אברהם בעפֿיעל,
אַלז ער פֿאָן דער צערשטאָרונג דער שטאַדט ירושלים אונד דעז בית המקדש
האֶרטע; דאַ האַזט דוא איהן געטראֶזטעט מיט דער פֿערזיכערונג, דאַס
ווען זיא אויך אים לאַנדע איהרער פֿיינדע זיין ווירדען, דוא זיא נאָך
ניכט גאַנץ פֿערדערבען ווירזט. אויך האַזט דוא דורך דיינען נביא זאַגען
לאַסען, דאַס ווען דיינע קינדער איהרער זינדען מיט רייע געדענקען אונד
וועגען דערזעלבען בעטען ווירדען; זאָ ווערדעזט דוא איהנען פֿאָללקאָממען
פֿערצייהען אונד ווידער אויפֿבויען ירושלים אונד דאַז בית המקדש, דאַס
דיין הייליגער נאַמע ווידער דאַרין רוהען מאֶגע. — נון דאַ שטעהע איך
פֿאָר דיר, הייליגער גאָטט! אונד בעקעננע מיינע זינדען; איך האַבע גראָסע
חרטה אויף דיעזעלבען אונד וויל זיא יאַ ניכט מעהר טהון. איך ביטטע
דיך אַלז מיינען פֿאַטער אונד קאֶניג, זייא מיר מיינע זינדען מוחל אויף

עוויג, אונד וואַס איך מיינע נאַררהייטען אונד מיסעטהאַטען ניכט ענטגעג טען. ערבאַרמע דיך איבער מיך, איבער מיינען מאַן, איבער מיינע קינדער אונד איבער אַללע, דיא אונז אַנגעהערען, אונד איבער אַללע קינדער ישראל דיא דיך אויפריכטיג אַנבעטען, אונד בעגליקקע אונז אין אַללען אונזערן וועגען אונד שטעגען, אונד זייא אונז הילפרייך אין אַללען אונזערן אונטערנעהמונגען בעשיטצע אונז אויך פאָר בעזען לייטען, וועלכע אונרעכט טהון אונד נאַך אַנדרע לייטע צום איבלען פערלייטען, ווי אויך פאָר טוקהאַפטען מענשען אונד בעטריגערן, דיא מיט איהרען מונדע פריינדליך רעדען, איהר הערץ אַבער איזט ווייט דאַפאָן; ווי אויך פאָר דעניענינען, וועלכע אַללע לייט בעזע שמועות (גערוכטע) פערברייטען, רכילות אַנבריגגען, פאַלש שווערען, שטעהלען אונד פלוכען, ניעמאַנדען גוטעז טהון, זאָנדערן יעדען בענײַדען אונד האַסען, זיך פאָר ניעמאַנדען שעמען, זאָנדערן געגען אַללע לייטע עזות פנים האַבען; מיט איהנען לאַס איך אונד מיינע לייטע קיינע געזעללשאַפט אונד קיינען אומגאַנג האַבען, בעהיטע אונז אויך פאָר אַללען בעזען צופאַללען, דיא זיך צווישען ערייגנען, אַלז: פאָר אונצייטיגעם טאָד, פאָר געפאַנגניס, נאָטה אונד פאָר אַללען גזירות רעות. לאַס אונז אויך קיינערלייא אַרט פערנאַכטעט אונד ניכט בעשעמט ווערדען פאָר דיר אָדער פאָר דען מענשען, לאַס דיא בעזע בעגיערדע (יצר הרע) ניכט איבער אונז הערשען, זאָנדערן האַלטע אונז אַן דעם רעכטשאַפפענען געפיהל (יצר טוב), אונד ווען עטוואַז בעזעז דער וועלט בעשטיממט איזט, זאָ פערבירג אונז אים שאַטטען דיינער פליגעל, אונד פערלייהע אונז קראַפט, דיר צו דיענען אונד צו האַלטען דיינע געבאָטע, דיא דו אונז אין דיינער היילִיגען תורה אַנבעפאָהלען האַזט. גיב אונז אויך אין דען זין, דאַס ווער ערמאַהנונג אַנגענעהמען פאָן אַללען, דיא אונז צו רעכטווייזען אונד אַנלייטען, גוטעז צו טהון אונד דיענזטע דיינעז היילִיגען נאַמענז, דאַס ווער ניכט ווידערשפענזטיג געגען זיא רעדען, זיא אַנשרייען אָדער גאַר זיא בעשעמען; זאָנדערן אַללע פערנעהמען, דיא דיא וואַהרהייט זאַגען; דיא־זעלבען זאָללען אין אונזערן אויגען ניכט טפל זיין, דיא אונז צום גוטען אונטערווייזען. לאַס אונז ניכט טרעג זיין אין דיינעם דיענזטע, דאַס אונז דער יצר הרע ניכט אַברעדע פאָם פריה אויפשטעהען, אום דיינען היילִיגען נאַמען פייערליך צו לאָבען אונד איהם צו דאַנקען פיר דאַז גוטע, וועלכעז דו דיינער מאַגד יעדער צייט צוגעדאַכט האַזט. לאַס אונז דאַהער זוכה זיין איממער מיט גוטען פראָממען לייטען אומצוגעהען, וועלכע בערייטוויללִיג זינד צו דיינעם דיענזטע, אונד לאַס מיינע גוטען געדאַנקען זיעגען איבער מיינע בעזען געדאַנקען, דאַס דיעזע קיינע מאַכט האַבען מעגען איבער מיך צו הערשען, לאַס מיינע פיסע נור צום גוטען געהען, מיינע הענדע נור גוטעז טהון, אונד מיינע אָהרען נור הערען דברי תורה, ערמאַהנונג, אונטערווייזונג אונד ציכטיגע רעדען פאָן דעניענינען לייטען, וועלכע תורה לערנען אונד דיינע געבאָטע האַלטען, אונד לאַס מיינע אויגען אַללעז גוטע זעהען, דאַס אַללע מיינע גליעדער לאָבען דיינען היילִיגען נאַמען, אונד גיב מיר איין ריינעז הערץ אונד איין אונטערעז געמיטה, דאַז ניכט נאַכ־לעסיג זייא, דיר פאָללקאָממען צו דיענען אונד דיינע געבאָטע געהעריג צו ערפיללען, אונד פערלייהע מיר אויך דיא גנאַדע, דאַס איך מיינע קינדער ערציעהען קאָננע רייכליך אונד מיט געהעריגער צוכט, דאַס זיא עהרפורכט

